איז דעם הויט־און־־ביינער־זעקעלע
טראָגט יעדערער פון אונז אַ האַרץ
ווי שוועבעלעך אַ פּעקעלע.

פון כאַווער צו כאַווער

ווילסטו א טרונק, אַ פּאַפּיראָס, —
קום, קלאפּ אָן אין מיין טיר.
פרירסטו היימלאָז אפן גאַס, —
קום, שלאָף מיט מיר.

כאָטש כ׳האָב אַ בעטל א שמאָלס,
נאָר אז מ׳דאַרף, שלאָפן מיר אין דרייען.
און אויב דו הוסט, ליבער כאַווער,
מעגסטו אפן דיל אויסשפּייען.

זיץ, כאַווער, כ׳וועל אויפקאָכן טיי,
און אָנשניידן ברויט א טעלער.
אָט אַזוי וועלן מיר זיך דורכלעבן,
ביז קומען וועט אַ טאָג, א העלער.

כ׳האָב נאָך ארבעט אף א וואָך,
און געלט אין קעשענע א דרייער.
איז מיט אַלעמען אַף גאַסן אין שטרייט
זיין וועל איך א קעמפער אַ געטרייער!

## ס ו ף

האָט מען מיך אַרויסגעשיקט פֿון שאָפּ,
ווי אַ פּעסל מיסט.
מוז איך גיין אַלע טאָג
עסן סוף אומזיסט.

אַ סאַלווייִשן-אַרמיי-מיידל,
אַרומגעבונדן פֿרום דעם קאָפּ,
צעגיסט אין בלעכענע שיסעלעך
סוף אַ גרויסן טאָפּ.

שווייגנדיק ביים שטויביקן טיש,
שאַר איך דעם לעפֿל צווישן ציין,
און כ׳קיי, ווי אַ שטיינדל,
אַ שטיקל אויסגעקאָכטן ביין.

ברעך איך אָפּ אַ שטיקל ברויט
און באַקוק עס פֿון אַלע זייטן,
טוט אויך אַזוי מיין כאַווער,
וואָס זיצט אומעטיק פֿונווייטן.

### א י ן  פ א ר ק

אויסגעקנאַקט די ביינער,
אַף די בענק אין פּאַרק.
אַף אייזערנע פאַרענטשעס
איינגעקאַרבט דעם קאַרק.

איינגעדעקט דאָס לייב
מיט צייטונגען — ווי וואָל,
איז מיין דרימל איינגעפרוירן,
ווי טוי אַף קאַלטן שטאָל.

דער גערויש אַרום
איז ווייט פאַרשוואונדן.
האָט לעוואָנע-בלויקייט
איבער בוימער זיך געצונדן.

אַריינגעשניטן זיך אין שאָטנס,
געביסן מיט די ציין דעם ווינט;
האָט די נויט מיך איינגעוויגט,
ווי אַ מאַמע וויגט אַ קינד . . .

## פון שאפ צו שאפ

פון שאפ צו שאפ ארבעט זוכן
בין איך היינט געגאַנגען.
אַ טיר געעפנט, א טיר פארמאכט,
איז אזוי דער טאָג פארגאנגען.

דער שטאָלענער פוס — דער עלעווייטער,
האָט מיך פון שטאָק צו שטאָק געטראָגן.
האָבן פארבליבענע פונקען מוט
אין מיין אָטעם נאָך געשלאָגן.

מיידלעך ביי די שרייב-מאשינקעס,
שמייכלען מיט געפארבטע ליפּן.
„ניין.. ניין...״ שארף דאָס וואָרט
האָט זיך אין לייב אריינגעשניטן.

אין דרויסן יאָגט דער טראמוויי.
שווערע וואָלקנס שווימען אָן.
און ווייט אין הימל פארשווינדט
דער זוניק-גאָלדענער באלון.

כ׳קויף אַ צייטונג
פאר די לעצטע צוויי סענט.
און ווידער כ׳גיי איבער גאַסן,
אין צאַר און צאָרן איינגעקלעמט.

## א יאָר . . .

ווי צוויי שטיקער זשאַווער
צווישן אויסגעגריזטע ווענט,
טאַסקע שוין א יאָר ארום
איינגעשרומפּן מיינע הענט.

טריקענען די מוסקולן אויס,
רעוועט דאָס הארץ אין מיר.
פּינעט א ווייטיק אין קאָפּ,
ווי שוים אין א גלאָז ביר.

מיינע טעג און נעכט —
מיט הונגער-ווייטיק אָנגעשטאָכן.
ווערט מיין לייב מיט צאָרן פארפלאַמט.
ווערט מיין פרייד מיט האַס פארלאָפן.

ווארעם איך אין כאָלעם קומענדיקע טעג,
טעג זאַטע ווי גאָלדן ברויט, —
ווען רויטע פאָנען וועלן בלענדן
איבער קוואָרים פון היינטיקער נויט . . .

## קונצן־מאַכער

גייט איר דאַ, מענטשן, ארום,
ווי קונצן־מאַכער אױף שטריק
זוכט איר יעדערער פאַר זיך
אַ טעפּעלע מיט גליק ...

איר קוקט, צי כ׳טראָג געפּרעסטע הויזן
און אַ פּאַנעם געגאָלט גלאַט;
כ׳בעט אייך, קלאַפּט מיר ניט אין פּלייצע,
זאָגט נישט, אַז כ׳בין אָלרייט...

כ׳וועל מיין סינע צו אייך ניט באַהאַלטן,
(כ׳עפן פאַר יעדערן מיין האַרץ ווי אַ טיר).
כ׳ווייס, ס׳איז אייך ליבער, ווי איך,
דאָס ציין־בערשטל און דאָס גלעזל ביר.

גייט איר דאַ, מענטשן, ארום,
ווי קונצן־מאַכער אױף שטריק
זוכט איר יעדערער פאַר זיך
אַ טעפּעלע מיט גליק ...

## אײנער...

הויקערל, קאַרליקל,
ברענט אין זײַן האַרצן די בראַנד:
הויקערל, קאַרליקל,
װײנט אַף זײַן פּאָנעם די שאַנד.

אין דער לעצטער רײ,
צוגעדריקט צו קאַלטע שטײנער.
אין דער לעצטער רײ,
צעשיטן זיך זײַנע בײנער.

ביזן ערשטן ביסן
װעט נאָך לאַנג געדױערן.
ביזן ערשטן ביסן
װעט הונגער אַף אים לױערן.

הויקערל, קאַרליקל,
ברענט אין זײַן האַרצן די בראַנד:
הויקערל, קאַרליקל,
װײנט אַף זײַן פּאָנעם די שאַנד.

בעט ער א שוועבעלע אפן גאס.
פרעגט וויפיל דער זייגער האלט.
אוי, וויפיל ביטערע שמייכלען
אין זיינע ליפן ער באהאלט!

דאס פּאָנעם — בלאס, די ליפן — דאר.
אין זיינע אויגן שאָקלט זיך דער דרימל.
פארגליווערט גרוילט אוים זיין לעבן,
ווי א שטיק פארקילט וואָלקן אין הימל.

ער זעט אליין זיך אין שפּיגל,
א צענויפגעשטוקעוועטן פון הויט און ביין,
און דערשמעקט א פארפוילטן רייאך
פון זיינע וויטעקדיקע ציין.

א גאנצע נאַכט אין קאפע,
צוגעפרעסט א באק צו א טישל.
שוין לאנג האָבן זיינע פינגער
ניט צוגעדריקט צו אַ טיר אַ שליסל.

זעט: זיין לעבן רינט אוים,
ווי פּאָמאָיעס אַפן ווינט.
און אַף זיין פארפייניקטן קאָפּ
קעמען טויטע שאָטנס אוים א שרינט.

אַלע זעכצן-זיבעצן גליקן
ארונטערגעוואָרפן אונטער די בריקן.
אויסגעשפּאַנט פון האַרץ די פרייד,
זיין זון פארגייט, פארגייט.

שאַ-שטיל אין דער וועלט אזוי.
איינער האָט פארלאָשן זיין ליכט,
— — — — — — — — — — — —
און קיינער האָט אים ניט געזוכט...

### הונגער־מארש

פּאַטריאָטן, שטייף באַשווערדלט,
באַהיטן די גאָלדענע קאַסע,
און באקוקן און באַשמעקן
אונזער אַרבעטסלאָזע מאַסע.

פייגערן מיר צווישן גאָלדענע שפּייכלערס,
עסנדיק דאָס באַליידיקטע ברויט;
שלאָפנדיק אַף קויטיקע געלעגערס,
שטינקט פון אונזערע לייבער די נויט.

פילווערן זיך אַן פויסטן מיט גוורע,
ווארעמען זיך הערצער אין האַס,
צערייסן מיר מיט רוישיקע טריט
די רו פון דער זאַטער גאַס...

### ט ו י ט ן . . .

ווי אַ מעשוגענעם הונט
טויטן וועלן מיר די נויט,
רייניקן די ערד פון איר פּיין,
באַליכטיקן איר שוואַרצע הויט.

ווי אַ מעשוגענעם הונט
טויטן וועלן מיר דעם האַס,
און מיט רויט-גאָלד
אויספּוצן אונזער ארבעטער-גאַס.

ווי אַ מעשוגענעם הונט
טויטן וועלן מיר שקלאַפערייַ,
און טריט וועלן אויסרוישן
דאָס ליד פון רויטן מאַי...

## אין ארבעטער געגנט

טויזנטער וועגן צעשיידן זיך,
נאָר איין וועג צום עמעס פירט.
כ׳קום אין ארבעטער געגנט,
ווערט מיין האַרץ הייסער שפירט.

שפעט ביינאַכט. כ׳וואנדער אום,
קוק זיך איין אין יעדן פענסטער, טיר.
דערזע איך: אונטער יעדן פאַרהאַנג,
הענגט די נויט-געשוויר.

דאָ עסט מען ברויט מיט הערינג.
דאָ טרינקט מען וואַסער געשמאַק ווי וויין.
און צווישן גרוי פון ווענט,
דערציילט איינער דעם צווייטן זיין פיין.

ברידער, אויסגעבידעוועטע ברידער,
פארמוטשעטע אין שטאָל, פארפייניקטע אין אייזן.
אין געווירבל רויט פון פאָנען,
וועלן מיר ערדישן וונדער באווייזן.

טויזנטער וועגן צעשיידן זיך,
נאָר איין וועג צום עמעס פירט.
כ׳קום אין ארבעטער געגנט,
ווערט מיין האַרץ הייסער שפירט.

## ערדישער ווונדער

אַף מיסט פון נעכטן און אייערנעכטן,
אויסשפּרייטן וועט זיך דאָס יאָנטעוודיקע ליכט.
וועט פאַרשווונדן ווערן דער טרויער
פון אונזער יעדערנס געזיכט.

זיין וועט אזא ערדישער ווונדער,
באַשאפן מיט שווייסיקע הענט.
אויסברענען וועט זיך די גרויקייט
פון אונזער יעדערנס פיר ווענט.

אויפרייסן וועט אַ פרייד די ליפּן.
געלעכטער קלינגען וועט דורך ציין.
וועט יעדער צווישן אלע זיין אַ כאַווער,
וועט קיינער נישט זיין אַליין.

אַף מיסט פון נעכטן און אייערנעכטן,
אויסשפּרייטן וועט זיך דאָס יאָנטעוודיקע ליכט.
וועט פאַרשווונדן ווערן דער טרויער
פון אונזער יעדערנס געזיכט.

## מיט מענטשן־מיליאָנען

מויערן מויערן זיך העכער און העכער
און מענטש אף מענטש ווערט געבוירן.

בוימער פון שטאָל, פון אייזן,
בלומען פון קופּער, פון גאָלד.

לעב איך מיר מיט מענטשן-מיליאָנען,
לעב איך אין א רוישיקן וואלד.

בילן סטאָדעס מאשינען,
ווי מילך עלעקטריק רינט.

מיט רעלסן, אויטאָס, טראמווייען
די ערד איז באַשפּינט.

## ש ק ל א פ ן  פ א ר ד א מ ט ע

שקלאפן פארדאמטע
פון גרויען אמאָל.
זינגער פון אייזן,
טרוימער פון שטאָל.

פארשאָלטענער נעכטן
אין יאָך פארברענט.
בראָכווארג אף מארקן,
פארקויפטע הענט.

אין שטורם געמוטיקט,
אין כוואַליעס געצוימט...
מיט ליכטיקע האָפנונגען
שטענדיק באַלוינט.

שקלאפן פארדאמטע
פון גרויען אמאָל.
זינגער פון אייזן,
טרוימער פון שטאָל.

## די באלאדע פון אומבאקאנטן סאלדאט

פייפט איבער פעלדער דער ווינט:
מארש... מארש... איינס... צוויי...
אף צעבויגענע טרובעס, צעלעכערטע פויקן
פוילט די טויטע ארמיי.

אין א נאסער הייל,
אף א קאלטן שטיין
זיצט א דערציילער
מיט פארפוילטע ציין.

דערציילט ער א מייסע
אין שטיקנדיקער ענג
צו בינטלעך שארבנס,
צו שפארבערס און שלענג:

איבער פעלדער ליגן ביינער
צווישן שלענג און ווייגען,
איבער פעלדער ליגן גרוסן,
וואס דערגרייכן נישט צו קיינעם.

דאָ האָבן געריטן
ברידער קעגן ברידער,
דאָ האָט מען געשניטן,
פארשאָטן אין די גריבער.

מיסטיקן זיך פעלדער,
פעטער ווערט די ערד,
פון סאָלדאטסקע פליישן,
שינעלן און טויטע פערד.

אַקערט זיך דער אַקער,
פּאַשען זיך די רינדער,
שווייגן טיף דיביינער,
ווי דרימלענדיקע קינדער.

קומט אַמאָל א רעגן
אָנטרינקען די ביינער,
קומט אַמאָל א ווינט
זיך סוידען מיט די שטיינער:

אַז גראָבן וועט מען ביינער,
ווי קוילן און גאָלד
און מילן וועלן מאָלן
אויף צעמענט זיי באַלד.

## נישטאָ מער דזשין

די גוטע דזשין
מיטן צעבלוטיקטן בלאָנדן קאָפּ
וויקלט זיך אפן אספאלט,
ווי א צעהאַקטע שלאנג.

עמיצער ביים טעלעפאָן
קלינגט וויינענדיק אין שפּיטאָל.

דזשינען איז גוט,
עס טוט איר שוין ניט וויי...

קיינמאָל וועט די גוטע דזשין
צו דער ארבעט מער נישט קומען.

די מיידלעך אין שאפּ
שלעפּן פעדים דורך נאָדלען,
ווישן די טרערן און בענקען.

מאָרגן באַטאָג וועט קיינער
אין שאפּ נישט קומען.

אלע וועלן מיט דזשינס אָרן גיין,
אלע וועלן מיט דזשינס אָרן גיין.

## א י ז א ש א כ ט ע

(צום ליכטיקן אנדענק פון כאווער פ. האלפּערן)

כ׳זע דיך אין אַ שווארצער שאַכטע,
איינגעהילט אין אַ רויטער פאַן,
און מיט דיינע פארפייניקטע ביינער
שפּילן זיך דורכגעגאַנגענע שטיקלעך זון.

און איבער דיין שאכטע שפּאנען מיר ארום
מיט אָנגעצונדענע רויטע יאָרטאָג-ליכט,
שיינט אויף פאר אונז בלענדנדיק
דיין שארף אויסגעדארט געזיכט.

און איבער דיין שאכטע הענגט, ווי אַ גלאָק,
דאָס ווידערקאָל פון דיין געבליבן וואָרט.
דיין וואָרט צום קאַמף, וואָס קלינגט,
דיין וואָרט צום קאַמף, וואָס זינגט.

כ׳זע: דיין שאָטן קניפּט זיך אָן אין די שאָטנס
פון דיינע ברידער, פארמוטשעטע אין עסטעוואַן,
זיי שטעכן זיך שפּיזיק אין סוינעס רוקן,
וואָרנענדיק, דראָענדיק אים צו פארצוקן.

ווייל ס׳ווערט געפירט אַ מישפּעט: צו ווען,
ס׳זאָל געהערן דאָס ליכט פון מאָרגן.
ס׳וועלן אונזערע פייניקער זייער שווארצן גוירל,
פאר אונזער שטראָף נישט קענען פארבאָרגן.

# פ י ק ע ט - ר י י ע ן

(געווידמעט די מאַנטרעאַלער שניידער)

אין זילבערנע, פּראַסטיקע פּאַרטאַגן,
ווען ווינט שפּילט זיך מיט שניי אַרום,
שטעפּן זיך אויס אונזערע פּיקעט-רייען
צאָרנדיק, שטרענג און שטום.

מוטיק, מוטיק, טראַט אין טראַט געקנאַטן,
און פּעניִמער צעקאַרבטע, ווי צעבויגן שטאָל.
אין יעדן קאַרב — אַזויפיל פּיין
פון פּראַצע-טעג, געגרויבטע אָן אַ צאָל.

שניידערישע נאָדלען צעשטעכן דעם סוינע
און צעשטעכן דאָס געשווילעכץ פון דער וועלט...
פון שער און אייזן שטאָלט זיך אויך
פאַרן העלן מאָרגן אויס אַ העלד.

אונזער ליכט צעשמעלצט דאָס פינצטערניש
מיט שטורעם ווערט אָנגעפּולווערט דער ווינט
און מיט שער און אייזן שניידן מיר איבער
דאָס וואָיען פון פאַרעטערישע הינט...

מיר שטעפּן געוואַנטן פון שוואַרץ, ברוין, גרוי,
נאָר אונזער פאָן איז שטענדיק רויט,
רויט פון אונזער שניידערישער נויט,
רויט פון אונזער בלוט אונטער שווייסיקער הויט.

### ד ו ש פ י א ן !

האָסט ווי גיפטיקע מיקראָבן
אריינגעפליוכעט דיין זשאווער
אין אונזער רויטסטן בלוט,
און שווארץ איז דיין גיפט געפלויגן
אין אונזער הארצנס שטאָלענעם מוט.

דורך אונזערע ווונדן-לעכער
האָסטו זיך שלאנגיש דורכגעביסן,
און מיט געלע מיקראָבן-אויגן,
אונזער רויט צעצונדן וואָרט
אין זיך גיפטיק אריינגעזויגן...

הער אויס, דו שווארצער פאַטריאָט:
ס'וועלן טויזנטער, ווי דו,
ניט קענען איינהאלטן
אונזער בלוט-געצייכנטן טראָט.

ווייל ס'גליט ווארעם אונזער הארץ,
די ברוסט מיט מוט שלאָגט אָן,
און אין בלוט-געוועבן טריפט אריין
דער גאָלד-בלענד פון דער רויטער פאָן.

## דער „קאַמף"

אַן אָנזאָג אַף קאַמפן
אין יעדן ווינקל, אין יעדן אָרט.
אַלעמען, אַלעמען דאַרף דערגרייכן
אונזער ארבעטער-וואָרט.

אויסגעשניצטע רייען, שורעס,
אויסגעטאָקטע אין הייסן בליי;
אונזער ווילן פארטריפט אין וואָרט,
אונזער מוט באַהויכט מיט בליי.

יעדע וואָך ווערט אַ „קאַמף",
ווי אַ קינד א נייס, געבוירן,
אַזוי ווייטיקדיק שווער,
ווערט אונזער „קאַמף" געבוירן.

אַן אָנזאָג אויף קאַמפן
אין יעדן ווינקל, אין יעדן אָרט.
אַלעמען, אַלעמען דאַרף דערגרייכן
אונזער ארבעטער-וואָרט.

מיר, „כינעזישע באַנדיטן”

מיט ציין, איינגעביסענע אין שטאָל,
מיט לייב, פאַרקנאָטן אין גליענדיקן אייזן,
רופן מיר יעדן טאָג: יאַנטעוו,
יעדן יאַנטעוו — קאַמף-טאָג!

דינאַמיט צעוואַרעמט אונז, ווי וואָל,
בויגט די קעפּ, ווי רעלסן אונטער האַמערס,
טאַנצט אין פולוועך דאָס „באַנדיטיש” האַרץ,
קעפּ צעשרויפטע אַף וועגן טשאַנ-קאַי-שעק׳ס.

צייטיקט זיך אַ טויט פאַר די פאַרדאַמטע הענקער,
שאַרפער ווערט די שווערד פאַר פרעמדן סוינע.
זיינען גרייט טויזנט הענט פאַר יעדער ביקס,
זיינען גרייט טויזנט פיס פאַר יעדן שפּאַן.

רויט אַף רויט — אונזער גורל,
ראַטן ווערן הייגט אין בלוט געזאַלבט.
רייסן זיך פון כוישעך שטיקער וועלט,
שטיקער וועלט, פאַרשוועסטערטע מיט מאָסקווע.

קושט די ערד אונזער גאַנג,
אַף יעדן שטיין פאַלט אונזער ליד...
יעדער טאָג איז יאַנטעוו,
יעדער יאַנטעוו — קאַמף-טאָג !

## פון מעדינע צו מעדינע

פון מעדינע צו מעדינע
קרומען זיך די וועגן,
מיט זון, לעוואָנע, שטערן
שטרייקן און געשלעגן.

אויסרופן אַף גאַסן —
דונערן געשרייען —
אומעטום פון פאבריקן
קומען מיר און גייען.

מאַכנעס אין געראנגל
מיט דולער פּאָליציי,
צעריסענע פלאקאטן —
פאלן ווייך ווי שניי.

ווי צעגליטן שטאָל
גיבן מיר דאָס לייב אוועק,
קעגן אונז א צעשראָקענער
דער סוינע, אין טויטן שרעק...

פון מעדינע צו מעדינע
קרומען זיך די וועגן,
מיט זון, לעוואָנע, שטערן
שטרייקן און געשלעגן.

## אונזער וואָרט

ווער קאָן דערשטיקן אונזער וואָרט,
וואָס טראָגט ווי פייער זיך אין שטורם,
מיר וועלן אַלע טאָג נייע מאַכנעס קומען
בויען א טורעם אױף א טורעם.

איר שאַרפט די שווערדן איבער אונזערע קעפּ
און גרייט אן פאַר אונז דעם טויט.
איר שפּאָט אונז אוים און נאַרט אונז אָפּ
ווי הינטלעך מיט דאַרע שטיקלעך ברויט.

איר שמייסט מיט ריטער טיף אין בלוט
און צעלעכערט אונז די לונגען.
וועט נאָך וואַרעמער ווערן דאָס האַרץ,
נאָך שטאַרקער וועט אונזער וואָרט קלינגען.

אַ טאָג א לעצטער וועט קומען,
אַ שלאַכט א לעצטע וועט זיין.
צוריקשמייסן וועלן אַלע ריטער
פאַר אונזער היינטיקער פּיין.

## זומערדיק לאַנד

איבער בלאָטעס שפּרייט די זון איר קלייד,
צעזיפּט איר גאָלד איבער יעדן פּלויט.

ווערט די ערד אַ וואָלענע, אַ ברוסטיק-וואַרעמע,
שניידט אויף דעם אַקער איר שוואַרצע הויט.

ווי דאַרע פּערדלעך טאַנצן העלע שאָטנס,
קנייטשן זיך אין זוניקן בראַנד.

אַ כוואַליע אַ בלויע, אַ טויאיקע כוואַליע,
פּלייצט איבערן זומערדיקן לאַנד.

## א זונטיק

ניט קיין אויטאָ-האָרן פייפט איבערן גראָז,
אַ קו מרוקען הער איך אפן גראָז.

זיץ איך אפן גרינעם טעפּיך
און פלעכט פון זון-שטראלן
א שניפּס ארום מיין האַלז.

עפנט זיך אויף דער הימל,
ווי אַ בלויע שאפע.

לייג אידמיינע אויגן אריין:
טיף, טיף אין בלויען שיין.
טיף, טיף אין בלויען שיין.

שניי־נאַכט אין וואַלד

צווישן בלויע כוואַליעס
שווימט אַ שיף מיט שטערן.
פאַלן זילבערנע ראַקעטן
אויף נאָרעם דרימלענדיקע בערן.

בוימער באָדן זיך אין פראָסט
אויף שניי־באַקאַלכטער ערד,
הענגען שנייאיקע צווייגן אַראָפּ,
ווי זילבערנע בערד.

**
*

שאַ, שטיל און שטוב אַזוי,
קאָן מען הערן ווי ס׳ברעכט זיך איבער א שטרוי.

שיט זיך דער זילבערנער שניי איבערן פענסטער.
פרירן כאַלוימעס פון דער מיידל דער שענסטער.

פאר וועמען זאָל זי כאסענע גיין,
אַז באַשערט איז איר צו זיין אַזוי שיין?

## א י ן  ה א ר ב ס ט י ק ע ר  נ אַ כ ט

זיינען אין יאַם אריינגעפאלן די שטערן.
האָבן כוואליעס געטאַנצט ווילד ווי בערן.
האָבן די פיש גענומען זיך מערן.

האָט אַ מויז אין מויל פון אַ קאַץ געקלאָגט,
האָט דער זייגער דאָס שטילקייט פון נאַכט פאַריאָגט.

האָט אַ מאַמע איר וויינענדיק קינד געשאָלטן,
האָט דאָס קינד זיין קעפּל שטיל אין קישן באַהאַלטן.

האָט דער מאַמעס ברוסט דעם קינדס מויל פארמאכט,
האָט דאָס קינד געשמייכלט און געלאַכט.

האָבן שאָטנס אויף די ווענט א ליד געשריבן,
האָט דער ווינט די שאָטנס פון די ווענט געטריבן.

האָבן באַ אַ מיידל זיך צעזונגען די אויגן,
האָט א אינגל מיט די ליפּן זיך צו איר געבויגן.

האָט ס׳מיידל מיט די ברעמען אים געשטאָכן,
האָט ביים אינגל דאָס האַרץ זיך געבראָכן.

האָט ביים מיידל דאָס האַרץ זיך פארמאכט,
האָט דאָס אינגל שטיל געזאָגט: אַ גוטע נאַכט.

זענען אין יאַם אריינגעפאלן די שטערן.
האָבן כוואליעס געטאַנצט ווילד ווי בערן.
האָבן פיש גענומען זיך מערן.

אין וואַלד און אין פעלד

(פראַגמענט)

כ׳בין אַ שטראָם, וואָס לייטערט זיך אין פעלזן,
א ליכט, וואָס לעשט זידנישט אין פינצטערן ווינט.
מיין פרייד צינדט זיך אָן אין גאָלדענעם שטויב פון טאָג,
מיין ווייטיק לעשט זיך אוים אין די שאָטנס פון באַנאַכט.
אָט שטיי איך ארומגענומען פון ווינט,
כ׳לעק מיט די בליקן דאָס בלויקייט פון די שטערן,
כ׳קאָסטע אָפּ שטראלן פון דער לעוואָנע
ווי גרין שמעקעדיק היי.
מיין הארץ רייסט זיך איבער ווי א בענדל פון א שוך.
א פרייד פון אורמענטשן הילט מיך איין.
כ׳אָטעם ארוים מיין בענקשאפט אױף דער ערד —
קילט זיך מיין בענקשאפט אוים אין טוי.
כ׳פיל כ׳בין א שטיינדל פון א בארג,
אַ גרעזל פון אַ פעלד.

איינמאָל קאַיאָר,
כ׳בין נאָך א קינד.
דאָס ליכט מינעוועט אונטער דאָס פינצטערניש.
רויזן שיילן זיך אפן ווינט.
די ערד ווערט אָנגעזויגן מיט זאַפט,
ס׳שמעקט מיט רייכעס פון טויזנטער געוויקסן.
אין אַלע הימלברעגעס צעפאלן זיך די וואָלקן-ווענט,
א בלויער זילבער גלאנצט אַראָפּ אין דער נידער.
ס׳ליגט יעדער שטיינדל גליווערדיק פארגאפט,
סלינעט אין שטילקייט א שוים פון יעדן גרעזל.
א ווארעמער שטויב ברייט די טריט.
כ׳באָד זיך אין גאָלדענע מילענעס פון זון,
שטיקער, שטיקער ליכט באַהעפטן זיך מיט מיין געזיכט.
פריש מיטן ווינט כ׳גיי אין טאַנץ —
דער ווינט אַף מיין קאָפּ א ליכטיקער קראַנץ.
ווי טעלעגראַמעס גיך יאָגן מיינע בליקן,
כ׳זע די וועלט א גרויסע שיף,
די ערד איר שווארצע דעק.

ס'ברעכט אויף באַגינען אין הימל.
ס'וויקלט זיך אָפּ דאָס טונקלקייט פון די ביימער.
כ'פיל יעדער בוים איז אַ געזאַנג,
יעדער בוים וואַקסט מיט סימכע,
אויסשטרעקנדיק זיך מיט שטאָלץ אין דער הויכקייט.
יעדער בלעטל איז מיט גרין-גאָלד געצערטלט.
קראָליקעס לעקן אָפּ דעם טוי.
ס'איז אַזאַ שטילע שטילקייט...
כ'צעקלאַפּ מיט מיינע טריט די רו,
כ'צעשריי זיך — ס'הילכט אָפּ מיין ווידערקאָל.
ביי מיין זייט פּאַשעט זיך אַ קו,
די זון באַגילדט אירע הערנער.
אַ ווינטל ווי דורך אַ גאָל-מעסער
בלאָזט דורך מיין לייב.
ס'טאַנצט אָן אַ געפּענטעט פערדל
בייסנדיק דאָס גראָז.
אין יעדן טאַנץ הער איך:
— גוט מאָרגן !
— גוט מאָרגן !

הונדערט מאָל הונדערט בענקשאפטן
לייטערן זיך אַפּ אין מיין נעשאָמע.
די ווייטקייט קומט צו מיר נאָענט
און די נאָענטקייט שלינגט מיך איין.
כ׳שטיי פארשטיינערט אַף די קני,
שפּיליע צו די ליפּן צו דער ערד.
מיינע טרערן טריפן אין טוי,
דער טוי — א ווארעמער זילבער.
פאָרהאַנגען בלוי־גאָלדענע
בוקן זיך אַראָפּ פונם הימל צו דער נידער,
כ׳בין נאָך געווען אַ קינד,
געזען אזויפיל ערדישן וווּנדער,
אין די איינזאמסטע ווענן געלאָפן זענען מיינע פיס,
געדאכט האָט זיך מיר:
כ׳בין שוין דורכגעזונקען אַלע אָפּגרונטן פון דער וועלט,
ס׳איז שוין נישטאָ פאר מיר קיין טיפקייטן.
האָב איך געהערט דעם קאַשטן־בוים וויינען
ווען אַ דונער האָט זיך צעלויכטן אין זיין קאָרע,
ווען אַ בליץ האָט דורכגעשיינט זיינע בלעטער.
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
פלוצלינג — אַ הילצערן ברעטל
— דער וועג אין שטאָט.

## זוניק בלוט

כ׳האָב אַ וואָלן לייב און זוניק בלוט,
בלוט וואָס שפילט אין אָדערן ווי קלארנעטן;
אויך א האַרץ וואַלגערט זיך ביי מיר,
ווי ווייסע קישן אף די בעטן.

וועל איך פלאצן מיט די וואָלקנס אונטער זון —
מיט רעגן זיך צעגיסן אונטער ערד,
און ביינער ~~מיינער~~ מיינע וועלן טיף אין שטיין
זיך ארײנשניידן שארף, ווי שווערד.

## אַ כּאַזערל אַ פֿריילעכס

אַ כּאַזערל אַ פֿריילעכס
טאַנצט אין מײַן האַרץ,
ווילט זיך מיר באַגילדן
אַלץ וואָס איז שוואַרץ.

אָנגעטאָטעמט זיך מיט זון
אין דעם רעגן פֿון ליכט,
שטײַף נעמט מיך אַרום
דער ערדס בלויער געזיכט.

ליב איז מיר דער רינשטאָק
און יעדער ברעקל שטויב,
כ'האָב צו יעדן שטיינדל
אַ לויב, אַ לויב, אַ לויב.

כ'וואָלט אַרײַנגעדרונגען
אין אַ שאַרף פֿון אַ שווערד
און טויטן, טויטן, טויטן
די פּײַן פֿון דער ערד.

אַ כּאַזערל אַ פֿריילעכס
טאַנצט אין מײַן האַרץ,
ווילט זיך מיר באַגילדן
אַלץ וואָס איז שוואַרץ.

## א קינד פון פּאָדאָליע

איך בין אַ קינד פון פּאָדאָליע,
געבליט אומעטיק און פריילעך,
האָט די מאַמע מיך פארוויגט
מיט מייסעלעך פון מעשוסעלעך.

האָט דער זיידע מיך געלערנט
זיך צו שפילן טאָמעד מיטן שאָטן,
שלאָפן ביינאכט אין אַ היטל,
מיט פייעס און טאַלעסקאָטן.

פלעגן מיר, קינדער שטילע, פארשייטע,
זיך נאָכהענגען יעדן פויערשן וואָגן,
מיט צאַפּעס זיך געשפּילט
און כאַזיירים ווילד געשלאָגן.

האָבן מיר, קליינינקע, געכאָלעמט
פון מאָסקווע, לאָנדאָן און פּאַריז:
דאָרטן וואקסט א שטוב אף אַ שטוב,
דאָרטן איז יעדער מענטש אַ ריז...

פלעגט אַ פרייד מיין האַרץ באַפלעקן,
ווען געקומען איז אַ יאַריד,
געדוכט זיך, די וועלט איז גרעסער געוואָרן
אין דעם וואָכעדיקן אינדערמיט.

כ׳האָב געמיינט: די וועלט איז אזוי קליין,
ווי דאָס שטעטל און ווי מיר,
און אף יענער זייט גרעבליע
עפּנט זיך ניט מער קיין טיר...

## מיין היים

מיין היים האָט ניט קיין דאַך.
מיין היים האָט ניט קיין ווענט.
— זיינען אַ דאַך איבערן קאָפּ
די אייגענע צוויי הענט.

אַמאָל האָט אַ מאַמע מיך געבוירן,
מיך אויסגעוואָרימט אין איר בויך,
יעצט דאַכט זיך מיר: כ'האָב בלויז
דורך איר לייב זיך דורכגעגאַנגען,
ווי דורכן קוימען דער רויך.

כ'בין געוואַקסן אַ קינד אַ שטאָלנס,
אָן קלעפּ פון טאַטע-מאַמע
געענטפערט האָב איך מיט געשריי,
און ס'האָבן זיך מיינע אויגן
ניט פאַרקלעפּט מיט טרערן-קליי.

טראָג איך ניט אויפן דאַשעק
דעם ראַנג פון אַ דיכטער,
כ'ווייס בלויז: ס'זינגט אין מיר;
שעם איך זיך ניט ביים קלענסטן
אָנקלינגען כאַווערִיש אין טיר.

מיין היים האָט ניט קיין דאַך.
מיין היים האָט ניט קיין ווענט.
— זיינען אַ דאַך איבערן קאָפּ
די אייגענע צוויי הענט.

## מ י י ן  י ו ג נ ט

בלויער רוים, קילער ווינט.
בלאָזט אין מיין האַרמאָנקע
דאָס בילן פון אַ הונט.

רויק ווי אַ טייכל,
פליסט די שטילקייט פון דער נאַכט.
זיץ איך אױף קני געבויגן,
טראַכט איך מיר און טראַכט:

ס׳האָט מיין יוגנט זיך געפּאַשעט
צווישן האַרמאַטן-זשומעריי,
האָבן קעפּ אונטער מיינע אויגן
געפּלאַצט, ווי דינער פּאָרצעליי.

קוילן האָבן געזונגען איבער דעכער.
שויבן האָבן דונערדיק געטאַנצט.
האָבן אונטער געדיכטע וועלדער
קאָמוניסטן, רויטע פאָנען דורכגעגלאַנצט.

דאָ האָט געשטעלט זיינע פיס פּעטליורע,
דאָרטן איז געגאַנגען מאַכנאָ.
זיינען טרויעריקע לידער פאַרזונקען
טיף אין דניעפּרס דנאָ.

בלויער רוים, קילער ווינט.
בלאָזט אין מיין האַרמאָנקע
דאָס בילן פון אַ הונט.

סלאווא, סלאווא אוקראינע!

נעכטן — אַף אַש,
היינט — אַף שניי,
צעוואָרפן ליגן טויטע,
ווי סטויגן היי.

זיינען היידאַמאַקעס
אַף הייסע פערד געריטן,
שאַרף די שווערדן —
גיך געשניטן.

מענטשן דערשראָקענע
זענען געפלויגן,
אונטער שווערדן
די קעפּ געבויגן.

האָבן זשידעס געקושט
פיס פון קאָזאַקן,
געוויינט און געבעטן
ביי היידאַמאַקעס...

איבער הונדערטער מײַלן
גערינען האָט דער טויט
און שטעטעלעך געשניטן,
ווי ווייצענע ברויט.

אין פארסמאַליטע שטיבער,
אין כאַרעווע הויפן
געלעגן זיינען הערצער,
ווי פארזשאווטע שרויפן.

קעלערס און בוידעמער,
פענסטער און טירן,
האָבן זיך געפאַרבט
מיט בלוט און געהירן.

אף צעגרוילטע פענימער
געהאַנגען זיינען בערד,
ווי פארגליווערטע עקן
פון געפייגערטע פערד.

זיינען ווילדע הײַדאַמאַקעס
אף די פערד געשפרונגען,
אין פאַפאַכעס און רויטע גאַרטלען
געהוליעט און געזונגען:

העי מאָלאָדיצאַ, שפּיל אף מאַנדאָלינע,
סלאַווא, סלאַווא אוקראינע!

העי מאַלאַדיצאַ! אַט, אַ זיידענע פּאַטשיילע
געפונען הינטערן דאָרף באַ אַ זשיד, אַ נעווילע.

כ׳האָב אויך אַ גאָלדן זייגערל געפונען
אין אַ טייכל בלוט, וואָס האָט שטיל גערונען.

מיר שפּאַנען די פערד אף גאָט׳ס באַראַט
און נאָך רויב, נאָך רויב, גיכער אין שטאָט.

אונזערע שכיינים זיינען שוין אוועק,
מיט וועגענער, העק און זעק.

די רויטע האָט מען וויַיט פאַרטריבן
און פּעטליורע איז געבליבן.

העי מאַלאַדיצאַ, שפּיל אף מאַנדאָלינע:
סלאַווא, סלאַווא אוקראַינע!

## דער אלטער יעזוס

אפן ליימיקן צווינטער
יאָגט א טויטע סאקאַנע —
מ׳טראָגט דעם אלטן יעזוס
אין א רויטער טרונע.

דערשראָקענע מאָנאכן קניען,
ברעכן דולע מיט די הענט.
אין דעם מאָנאסטיר דעם פינסטערן
רייסט מען אויף די ווענט.

ווי קעפּ פון געפייגערטע פערד,
בויגן זיך איין די וואַקסענע קנויטן.
לעשן זיך אוים די הייליקע ליכט
פון דעם ווינט דעם רויטן.

אפן ליימענעם צווינטער
יאָגט א טויטע סאקאַנע —
מ׳טראָגט דעם אַלטן יעזוס
אין א רויטער טרונע.

## פ א ר ל א ז ט

פארלאָזט די מאַמע מיטן שאבעס,
מעשענע לייכטער, קוילעטש און פיש —
זינג איך מער נישט קיין זמירעס
מיטן טאַטן בא איין טיש.

קוקט אף מיר בייז די מאַמע,
פון איר מויל רייסט זיך אן אוי,
אַז איר קינד זאָל גאָר וואקסן
אַזאַ גרויסער גוי...

אויסגעשפאנט זיך פון דעם טרויער,
צעפליקט אף לייב דאָס זיידענע העמד,
אוועקגעשפאנט מיט פראָסטע בויער,
אין היסלאַוועס איינגעקלעמט.

האָט אויפגעגלאנצט מיין יוגנט זוניק-ניי,
ווי זוניקע שטראלן יאָגן מיינע פיס.
צו די וואָס וואַרטן אף ערדישע ווונדער,
טראָג איך א יאָנטעווודיקן גרוס.

אַמאָל האָב איך באַם אַלטן שטאַם געוויאַנעט
העפקער, פוסט און פּאָס,
און מיט זיך אליין געטיינעט
אין אַ ווינקל אף א גאַס.

איצט טאַנצט מיין הייסער גאַנג
צום שפּיץ בארג פון פרייד.
ס'האָבן קערנער פון א נייעם שטאַם
זיך אין מיר אליין פארזייט...

## ג ע ד ע נ ק   א י ך

בענק איך נאָך די טראקטן, די פּאָדאָליער,
איבער וועלכע ס'האָבן זיך מיינע פיס געשליפן.
דאָרט איבער רעגן-טייכעלעך און קאַלוזשעס
געשוווּמען זענען מיינע קינדערשע שיפן,

געדענק איך: אונזער טיפן ברונעם,
דעם עמער מיטן לאַנגן שטריק.
דאָ פלעגט זיין ראבע קו פּאָיען
אונזער שאָכן מאָטל ביק;

און אונזער סטאַראָסטע, דעם גרויסן כאַבאַרניק,
וואָס פלעגט פארקויפן פאַלשע פעסער.
איז גאָר זיין אייניקל
יעצט אין ניו יאָרק א פּרעסער;

און דעם סטאַרשי-סטראַזשניק,
מיט די וואָנצעס און מיט דער לאַנגער שווערד;
נאָך אין 1917 האָבן אים אונזערע פּויערים
ארייגעזעצט טיף אין דער ערד...

בענק איך נאָך די טראקטן, די פּאָדאָליער,
איבער וועלכע ס'האָבן זיך מיינע פיס געשליפן.
דאָרט איבער רעגן-טייכעלעך און קאַלוזשעס
געשוווּמען זענען מיינע קינדערשע שיפן.

## א ווּעכטער

אף גרענעץ פון וואָך און יאָנטעוו
אַ ווּעכטער וועל איך זיין,
און אָפּהיטן שטענדיק געטריי
די אויפלויכטנדיקע יאָנטעוודיקע שיין.

וועל איך באַלד זיך אליין נישט דערקאָנען,
כ׳האָב אף אן אנדערן זיך פארביטן.
זעט, אזא זוניקע פרייד
האָט זיך אין מיין פּאָנעם אריינגעשניטן.

גרייט איך צום טיש מיט ברויט און לידער,
טרייב ארוים די לאַנגוויל פון מיין צעל,
כ׳זע דעם אָנקום פון ערדישן ווונדער,
שינד איך אָפּ פון זיך די וואָכעדיקע פעל.

אף גרענעץ פון וואָך און יאָנטעוו
אַ ווּעכטער וועל איך זיין,
און אָפּהיטן שטענדיק געטריי
די אויפלויכטנדיקע יאָנטעוודיקע שיין.

## אינהאַלט:

### פון כאַוואַער צו כאַוואַער

זייט



### שקלאַפן פּאַראַדאַמטע

## אינהאַלט:




געדרוקט בא

אלד ראוז פרינטינג קאָ.

4083 מיין סטריט, טעל. בילייר 1418

מאָנטרעאָל, קאַנאַדע